דער

# וואונדערליכער שפיגעלע

מערקווירדיגע איבערנאטירליכע מעשיות פון הגאון
המקובל רבנו חיים ן׳ עטר דער מחבר פון טהייערן
פירוש „אור-החיים" אויף חומש ווי דורך א שפיגעלע
האט ער פיל יודען גערעטעט פון גרויסע סכנות נפשות.

קופירט פון אלטע מאנוסקריפטען

דורך

## יהושע הלוי מזח.

פערלאג פון בוכהאנדלונג יצחק פונק ווילנא.



ווילנא עת"ר

ДЕРЪ ВУНДЕРЛИХЕРЪ СПИГЕЛЪ.

т. .е Чудное Зеркало. Соч. О. МЕЙЗАХА.

1 9 1 0 г.

Вильна, тип. Ціонсона.

# א.

די גאַססען אין דער שטאָדט ירושלים זיינען מיט איין מאָל געוואָרען יום טוב'דיג, יעדער בעל הבית שטרענגט זיך אָן וואָס מעהר צו בעפּוצען זיין הויז, טהייערע טעפּיכטען זיינען בעהאַנגען אויף פיל גרויסע רייכע הייזער. אויף יעדער הויז הענגט אַפאָן פון עטליכע פאַרבען, און אין מיטען איז צו זעהען די געשטאַלט פון אַהאַלבע לבנה די איינוואָהנער יודען, קריסטען מהמדנער געהען אָנגעטהאָן אין יום טוב'דיגע קליידער, מען געהט מען לויפט מען פאָהרט. די גאַססען זיינען געדריכט מענשען אַז עס זעהט זיך ניט אַרויס די ווייסע זאמד מיט די בלומען וואָס זיינען פערשפּרייט אויף אַלע גאַססען. אַלע ערוואַרטען מיט די גרעסטע אונגעדולד דעם טהייערן גאַסט, דער שולטן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל דאַרף קומען אין ירושלים בעזוכען די הייליגע ערטער וואָס זיינען פאַראַן זעהער פיל אין שטאָדט.

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס אַלע מענשען פון ירושלים האָבען געוואָלט וויזען דעם שולטן זייער געטריייע אונטערטהעניג= קייט, דאָס הויפּט די יודען וואָס זיינען געטריי יעדען מאָנאַרך וואָס שיטצט זיי פון שלעכטע מענשען, דער שולטן איז געוועזען אַגרויסער מענשענפריינד, ער האָט רעגירט מיט ערבאַרמונג אויף זיין גאַנצע לאַנד בכלל און אויף ירושלים בפרט. אַלע יודען אין

גאנץ טערקיי האָבען דעם שולטן זעהער ליב געהאט, זיי האָבען איהם געשעטצט ווי א געטריייען פאטער. יעדען שבת און יעדען יום טוב האָבען זיי פאר איהם מתפלל געווען צו גאָטט ער זאָל איהם געבען לעבען, געזונד און גליק. זייער תפלה וואָס איז ארויס־געגאנגען פון זייער טיעפען הארצען, האט דער ליבער בארמהער־ציגער גאָטט צו געהערט. יעטצט אז זיי האָבען זוכה געווען דאָס דער שולטן זאָל קומען צו זיי אין ירושלם האָבען זיי אָנגעווענדעט זייערע אלע קרעפטען איהם צו ווייזען זייער דאנקבארקייט, און זיי האָבען פאר איהם געמאכט אזא גרויסען פאראד, זיך געלאָזט קאָסטען אזוי פיל געלד און מיהע אויסצופוצען די גאנצע שטאָדט, וואָס שענער און בעסער קאָן ניט זיין. און זייערע אומעטיגע בעטריבטע פנים'ער צו מאכען פרעהליך, לוסטיג לעבעדיג, כדי דער שולטן זאָל הָבען וואָס מעהר און בעסערע פערגעניגען.

---

## ב.

אין הויז וואָס איז געשטאנען אנ'עק שטאָדט. א קליינע הייזעל, אנידריגע, אנאָרעמע, געהאלטען ביים איינפאלען, אויף איהר איז אויסוועניג ניט געווען קענטיג אז דער שולטן דארף קומען אין שטאָדט, קיין פרייד'ענס צייכען איז אויף איהר ניט געשטאנען, אזוי ווי זי וואָלט קיין אנטהייל נעהמען אין דער גרויסער שמחה. אויף דעם דאך האָט געוואקסען, גראָז די ווענד זיינען געווען שווארץ, די פענסטער צובראָכענע שויבען מיט שפינגעוועב פארצויגען. אויף איין פענסטער איז געווען אנעסט. דאָרטען האָט גערוהט א פויגעלע מיט איהרע קליינע קינדערלאך וואָס האָבען נאָך ניט

געקאָנט פליהען זעהען די ליכטיגע פרעהליכע גרויסע וועלט. זיי האָבען נאָך קיין בעגריף געהאט פון דאגת פרנסה. די מוטטער האט זיי ערנעהרט. זי האט זיי געבראכט קערנער וועלכע זי האט געפונען וואס זיינען געוועזען הפקר. איהר נעסט האט זי געמאכט אויף א קורצע צייט. ווי א יוד בויט אויס א הויז אין רומעניען... זי האט דעם נעסט געבויט אויבען אויף דעם פענסטער אונטערן דאך וואו קינדער זאלען ניט קענען צוקומען אהין צוברעכען איהר נעסט...

ווער עס איז דאס הויז פארביי געגאנגען, האט מורא געהאט צו בלייבען א לייננגערע צייט שטעהען ביי איהר, טאמער פאלט זי איין, יעדערער האט זיך געוואונדערט צו זעהען אז אין הויז וואָהנט א מענש. און האט קיין מורא דארטען צו וואָהנען. אויך האבען זי זיך געוואונדערט צו זעהען די ריינליכקייט ארום הויז. קיין ברעקעל שמוטץ איז ארום הויז ניט געוועזען צו זעהען. גראז מיט בלומען זיינען ארום הויז געוועזען פערפלאנצט. עס האט געהאט א ריח גן־עדן.

אין יענע חורבה האט געוואָהנט אנ׳אלטער מאן. אגרויסער גאון. א מקובל און אבעריהמטער חכם רבנו חיים ן׳ עטר. ער האט געשריבען א פירוש (קאָמענטאר) אויף דעם חומש, זיין פירוש „אור החיים" איז איינע פון די וואונדערליכע פירושים וואס פיל גאונים האבען דאס זעהר שטארק בעוואונדערט. ער האט דארטען געווע־זען זיין גרויסקייט אין קבלה. זיין נאמען איז געוואָרען בעוואוסט אין גאנץ ארץ ישראל.

די גרעסטע גאונים און צדיקים האבען געזאָגט אויף איהם: ווען ער זאל האבען נאך איינעם צו זיך וואס יענער זאל זיין אזא מקובל ווי ער, וואלטען זיי אראפגעבראכט משיח צדקנו. אבער

ליידער, אין גאנץ ארץ ישראל און אין חוץ לארץ איז ניט געווען נאך איינער ווי ער.

אין יענער צייט, וואס דער שולטן האט געבראכט קומען אין ירושלם. איז רבנו חיים געזעסען צו הויז, ער איז דענסטמאל געווען קראנק און שוואך און האט ניט געקאנט געהען אין בית המדרש לערנען מיט זיינע תלמידים ווי אלע מאל.

זיינע געטרייע תלמידים האבען זיך פערזאמעלט צו איהם, ערשטענס מקיים זיין די מצוה ביקור חולים, און צווייטענס הערען פון איהם אגוט ווארט, א חכמה, א תורה.

---

ג.

רבנו חיים איז געזעסען אויף זיין בעט זעהער אומעטיג. די קארצעס אויף זיין גרויסען שטערן זיינען גרעסער געווארען.

די תלמידים האבען באמערקט דאס ער איז שטארק פער־טראכט פערזארגט, עפעס ווי א מין מרה שחורה ר"ל. זיי האבען מורא געהאט איהם צו פרעגען די סבה דערפון.

איינער פון זיינע ערשטע און בעסטע תלמידים האט זיך גע־שטארקט און געפרעגט: רבי! איך וויל וויסען וואס בעדרייט אייער זארג וואס פעהלט אייך חלילה און וואס זענט איהר אזוי שטארק פערטראכט? דאכט זיך תורה האט איהר גענוג געלערנט. מצות האט איהר פיל מקיים געווען. מעשים טובים האט איהר גענוג געטהון. וואס האט איהר צו זארגען און טראכ־טען? ווייניג וועלטען האט איהר זיך געקויפט אויף יענער וועלט? אלואי וואלט איך האבען א טויזענד חלק פון אייך, וואלט איך געווען זעהער שטארק צופרידען.

(האזגרפרליבער שפיתפלש)

— איך וועל אייך . מיינע ליבע תלמידים. זאגען דעם אמת — האט רבנו חיים געענטפערט — איך האב פערדרוס פאר וואס איך קאן ניט געהען מקבל פנים זיין דעם שולטן . איך וואלט דאך מקיים געווען א מצוה צו מאכען א ברכה אזוי ווי אונזערע הייליגע חכמים האבען געבאטען .

— רבנו ! — האבען די תלמידים געענטפערט — דאכט זיך לערנען תורה איז מעהר מצוה ווי אלע מצות . און איהר לערנט דאך תורה , דארפט איהר דאך זיין צופרידען און פרעהליך מיט דער תורה . פאר וואס האט איהר דערפון פערדרוס ?

אמת — האט רבנו חיים געענטפערט — תורה איז די בעסטע סחורה . נור מיט דעם לערנען אליין איז א מענש ניט יוצא , ער דארף מקיים זיין אלע מצות וואס די תורה שרייבט . און אזא מצוה צו מאכען א ברכה אויף דעם קיסר , טרעפט ניט אלע טאג . דער־פאר האב איך פערדרוס פאר וואס איך קאן ניט געהען איהם זעהען .

— פון דעסט וועגען — האט איין תלמיד געענטפערט — דארפט איהר , רבי , דערפון קיין פערדרוס האבען .

— דו וואלסט אפשר רעכט געהאט — האט רבי חיים גע־ענטפערט — נור דערצו איז פאראן נאך א מעשה , איך האב דאס אייך ביז היינט ניט ערצעהלט , וועל איך אייך יעצט ערצעהלען . ביז יעצט האב איך קיין רשות געהאט צו ערצעהלען , און בזוהרנע האב איך געהערט א בת קול וואס גיט מיך רשות אז איך מעג אייך די וואונדערליבע מעשה פערטרויען , נעמליך : מיט עטלעכע יאהר צוריק בין איך געקומען אין קאנסטאנטינופול . איך האב געהאט א רמז פון הימעל אז איך זאל אהין פאהרען , איך האב

פֿערשטאַנען אַז דאָס איז ניט גאָר אומזאָנסט, האָב איך קשיות ניט נעפֿרעגט און איך בין אַהין אַוועקגעפֿאָהרען:

ווי איך בין געקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, בין איך אַריינגעפֿאָהרען צו אַ יודען אין אַנ'אכסניא איך האָב געבעטען ער זאָל מיר געבען עסען. אָבער דער יוד האָט אויף מיר געקוקט מיט די גרעסטע פֿערוואונדערונג, אַקוראַד ווי איינער וואָלט אום יום כפּור איהם בעטען עסען, פֿון גרויס התפּעליות האָט ער ניט געקאָנט ריידען.

— ביי אייך פֿערקויפֿטמען קיין שפּייז? — האָב איך נעפֿרעגט — דאַכט זיך ביי אייך איז אַנ'אַכסניא פֿאַר וואָס ווילט איהר מיר ניט געבען עסען? אפשר האָט איהר מורא פֿאַר געלד. קאָן איך אייך פֿאָרויס בעצאָהלען וויפֿיל איהר וועט זאָגען.

— וואָלט איהר געזונד זיין — האָט דער בעל אכסניא נעענטפֿערט — דאָ איז קיין ריידע פֿון געלד. איך האָב פֿאַר אַזעלכע זאַכען קיין מורא. נור דאָ האַנדעלט זיך עפּעס אַנדערש, ווייסט איהר דען ניט וואָס די רבנים האָבען היינט גוזר תענית געווען. אפּילו קליינע קינדער מוזען היינט פֿאַסטען. אפּילו בהמות גיטמען ניט עססען.

— איבער וועלכע אורזאַכע? — האָב איך געפֿרעגט — וואָס פֿאַר אַ צרה האָט אין שטאָדט געטראָפֿען?

— אַזוי? — האָט דער בעל אכסניא נעענטפֿערט — דאָס ווייסט איהר אויך ניט. איהר זענט געווים אַנ'אורח. מוז איך אייך ערצעהלען די מעשה: דער שולטן האָט אַ בת יחידה. זי איז שטאַרק קראַנק. אַלע דאָקטורים האָבען איהר ענטזאָגט דעם לעבען, האָט דער שולטן אַריינגעשיקט אַ בעפֿעל צו אונזערע רבנים: זיי מיט אַלע יודען וואָס געפֿינען זיך אין שטאָדט זאָלען

מתפלל זיין צו גאָטט איהם בעטען אז דעם שולטן׳ס טאָכטער זאָל געזונד ווערען. אויב גאָטט וועט צו הערען זייער תפלה און זי וועט ווערען געזונד. וועט ער טהון אלע יודען גרויסע טובות. אָבער אויב גאָטט וועט די יודישע תפלה ניט צו הערען, איז אַ סימן אַז גאָטט האָט פיינד די יודען, דאַרף מען אַזעלכע מענשען פערפאָלגען, אַרויסטרייבען זיי פון גאַנץ טערקיי און צונעהמען זייער פערמעגען דאַרום האָבען די רבנים גוזר תענית געווען, אפשר וועט גאָטט אויף זיין פאָלק ישראל רחמנות האָבען און וועט שיקען דעם מלאך רפאל צום שולטן׳ס טאָכטער איהר געזונד מאַכען.

איך האָב דעם בעל אכסניא גאָר ניט געענטפערט און בין אוועקגעגאַנגען צום שולטן.

---

# ד׳

ביי דעם שולטן אין פאַלאַץ האָט געקאָכט ווי אין אַקעססעל, די גרעסטע פראָפעסאָרען וואָס האָבען קוריהרט דעם שולטן׳ס טאָכטער, האָבען געזאָגט דייטליך אַז מעהר ווי ביז מאָרגען קאָן זי לויט די מעדיצינישע וויסענשאַפט — ניט לעבען. דער שולטן האָט געגעבען אַבעפעל זיין גראָסוויזיר ער זאָל בעוואָפענען דריי טויזענד מאַן פון זיין לייב-גוואַרדיע. זיי זאָלען זיין מוכנים ומזומנים צו די מינוט וואָס די טאָכטער וועט שטאַרבען, זאָלען די סאָלדאַטען בעפאַלען אַלע יודישע הייזער און קוילען אלע יודען, יונג און אַלט, העררן, דאַמען און קליינע קינדער. אויף קיינעם זיך ניט ערבאַרמען, צופאַנגען זאָלען זיי פון די רבנים, חזנים, מגידים און

נאָכדעם אלעמען כסדר, ניט איבערלאָזען אין שטאָרט קיין איינציגען יודען אלעבעריגען

ווי איך בין געקומען צום טהויער וואס דורך איהם דארף מען אריינגעהען צום שולטן. האט די וואך מיר ניט געלאָזט אריינגעהען. זיי האבען געגלויבט דאס איך בין געקומען בעטען דעם שולטן ער זאל מבטל זיין די גזירה אויף אידען, אלאנגע צייט האב איך זיי געבעטען די ערלויבניש צו ריידען מיט דעם שולטן, איך האב זיי געזאגט: דאס איך בין א דאקטאר און וועל געוויס געזונד מאכען די קראנקע. אבער זיי האבען מיר ניט געגלויבט. זיי האבען געמיינט דאס איך וויל זיי אבנארען.

אין אנפאנג האבען זיי מיט מיר גערעדט מיט גוטען. נאכדעם אז זיי האבען געזעהען דאס מיט גוטען וויל איך ניט אוועקגעהען, האבען זיי אנגעפאנגען ריידען מיט בייזען, איך האב פערשטאנען פון זייערע רייד אז זיי ווילען מיך שלאגען און טאקע הרגנען אויף טויט.

אז אלע מיינע רייד צו זיי האט ניט געהאלפען, האב איך ארויסגערעדט א שם. און באלד בין איך געווארען א רואה ואינו נראה און בין אריינגעגאנגען צום שולטן.

דער שולטן איז געזעסען זעהער פערטראכט. מיין פלוצלונגע ערשיינונג האט איהם איבערראשט.

— ווער האט דיר ערלויבט אהער אריינצוקומען? — האט ער געפרעגט מיט כעס.

— דער יודישער גאטט וואס וויל געזונד מאכען דיין איינציגע טאכטער דורך מיר — האב איך געענטפערט — ער האט מיך דורכגעפיהרט די וואך און האט מיך געבראכט צו דיר. איך האב

געבראכט א רפואה פאר דיין קראנקע טאָכטער. אזא רפואה וואָס זי וועט דורכדעם באלד געזונד ווערען.

— גיב מיר דיין רפואה — האָט דער שולטן געזאָגט — וועל איך וויזען די דאָקטוירים, הערען זייער מיינונג.

— גרויסער שולטן — האָב איך געענטפערט — די רפואת קאָן איך קיינעם ניט איבערגעבען, ווייל איך וועל איהר געזונד מאכען דורך מיין „שפּרוך".

— בינסט דו שכור אָדער משוגע? האָט דער שולטן געזאָגט מיט כעס — ווי קאָן דאָס זיין?

— איך בין ניט שכ״ר און ניט משוגע — האָב איך געענטפערט — פּרובּיר פאָלג מיינע רייד, דו האָסט דאָך ניט וואָס צו פערלירען. דיינע דאָקטוירים האָבען איהר ענטזאגט דעם לעבען און איך גיב דיר גוטע האָפנונג, מעגסט דו דאָך פּרובּירען.

— וואָס פאר א שטראָף ווילסט דו נאָכדעם בעקומען אז דו וועסט איהר ניט געזונד מאכען? — האָט דער שולטן געפרעגט.

— מעהר ווי מיין „לעבען" האָב איך ניט — האָב איך געענטפערט — מיט מיין קערפּער וועסט דו קענען טהון וואָס די וועסט וועלען.

דער שולטן האָט אביסעלע געקלעהרט, אויב ער זאָל דאָס טהון אָדער ניט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט: געה אריין אין יענעם חדר וואו די קראנקע ליגט. איך וועל דאָרטען אויך קומען.

## ה.

אין חדר בײַ די קראַנקע פּרינצעסן זײַנען געװען דער שולטן און פינף דאָקטוירים.

איך האָב געזעהען װי די דאָקטוירים זײַנען פערטראַכט, גלױבען ניט אז זי זאָל קענען געזונד װערען, זײ האָבען אױף מיר געקוקט מיט גרױס פעראַכטונג. װי אױף אַ ליגנער, אַבעטריגער.

איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער צו די קראַנקע, און האָב אױסגערעדט אַ שם, האָט זיך באַלד בעװיזען דער מלאך רפאל. ער האָט זיך געשטעלט בײַ מײַן רעכטער האַנד און האָט מיר געגעבען אַ שפּיגעלע.

איך האָב אין איהם געקוקט און געזעהען װי אַ יונגער שר האָט זיך אײַנגעליבּט אין דעם שולטן'ס טאָכטער, ער האָט געװאָלט מיט איהר חתונה האָבען, אָבער דער שולטן האָט ניט געװאָלט, האָט דער שר געגעבען דעם שולטן'ס אַ קנעכט פיל געלד אַז ער זאָל איהר פערסם'ען און דער קנעכט האָט אזױ געטהון. נור די פּאָרציע סם האָט ניט באַלד געהאַט די קראַפט איהר צו טױדטען. עס האָט בעדאַרפט דױערן אײניגע װאָכען ביז זי װעט מוזען שטאַרבען. און דער טאָג — װאָס איך בין געקומען צום שולטן — איז געװען דער לעצטער טאָג פון איהר לעבען.

— דעם שפּיגעלע — האָט דער מלאך רפאל געזאָגט — בעהאַלט איהם בײַ זיך. ער װעט דיר צונוטץ קומען דו װעסט דורך איהם אַמאָל ראַטעװען אַלע יודען אין טערקײַ, װער עס װעט אין איהם אַ קוק געבען. װעט זעהען אַלס װאָס טהוט זיך אױף דער

גאַנצער וועלט אפילו אין פערבאָרגענע ערטער וואָס צוויי מענשען באַהאַלטען זיך און ווילען זינדיגען, זיי מיינען אַז קיינער זעהט ניט. אָבער דער וואָס קוקט אין שפּיגעלע — ווען אפילו ער איז וויַיט פון יענע —, זעהט ער זייערע מעשים אַזוי ווי ער וואָלט שטעהען דערביי.

— וואָס איז דיין קראַפט — האָב איך געזאָגט צו דעם מלאך רפאל — הייל איהר באַלד אויס.

דו דערמאָן דעם שם פון רפאינו ה' ונרפא — האָט רפאל געזאָגט — וועט זי באַלד ווערען געזונד און פריש ווי געוועזען. יעצט אַז איך האָב דיר מגלה געווען דעם סוד, ווערסט דו איהר געזונד מאַכען אָהן מיר, איך קאָן שוין געהען.

רעדענדיג האָט ער אויסגעשפּרייט זיינע פליגלען און איז פערשוואונדען געוואָרען.

---

ו.

אַ קליינע וויילע האָב איך מהרהר בתשובה געוועזען. איך האָב מיך מקדש ומטהר געווען, מיט גרויס קדושה און טהרה האָב איך אַרויסגערעדט דעם שם ווי דער מלאך רפאל האָט מיך געלערנט. נאָכדעם בין איך צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהנט צו די קראַנקע. זי איז גראָדע אין יענעם אויגענבליק געלעגען מיט דעם פנים צום וואַנד. אָהן אָנאָטהעם, אַלע האָבען געוואָרט אָט אָט באַלד וועט אויסגעהען דער לעצטער לעבענס אָטהעם.

— פּרינצעסען! — האָב איך צו איהר געזאָגט — קעהר דיך אום מיט דיין פנים צו מיר, איך זאָג דיר אַז באַלד ווערסט דו געזונד ווערען.

די דאָקטוירים האָבען זיך אָנגעקוקט איינער אויף דעם אנדערן מיט אשמייכעל.

— יענע האלט ביי די לעטצטע מינוטען פון שטארבען — האט איין דאָקטאָר געזאָגט — געווים הערט זי קיין וואָרט ניט. זי קאָן זיך ניט ריהרען פון אָרט, און ער באפעהלט איהר זיך אומ־קעהרען. דאָס איז איבערנאטירליך.

זי איז געלעגען ווי א שטיין אויף אנאָרט.

— דו ווילסט מיך ניט פאָלגען? — האָב איך צו איהר געזאָגט — דו מוסט מיר באלד פאָלגען און זיך אומקעהרען מיט דיין פנים צו מיר, דו דארפסט קיין הילף דערצו. איך פער־לאנג אזוי.

די דאָקטוירים האָבען זיך ניט געקענט אָפוואונדערן זעה־הענדיג ווי די פר נצעסין האָט זיך גאנץ אליין אומגעדרייט, פיל בעסער ווי א געזונדטע.

געה אראָפּ פון בעט — האָב איך צו איהר געזאָגט — געגנוג קריינקען, דו בינסט שוין גאָר אין גאנצען געזונד ווי אלע מאָל.

זי האָט זיך געזעטצט אויפ'ן בעט, און געבעטען דעם פאָטער, דאָקטוירים און מיר אז מיר אלע זאָלען ארויסגעהן פון איהר חדר, זי וויל זיך אָנציהען איהרע קליידער.

מיר אלע זיינען פון דאָרטען ארויסגעגאנגען, אשטונדע צייט האָבען מיר אונז פערבראכט אין אגרויסען זאאל, נאָכדעם זיינען מיר אלע צוריק אריינגעגאנגען אין צימער צו די פרינצעסען. האָבען מיר געזעהען ווי זי שטעהט ביי א שפיגעל און פארקעהמט זיך איהרע האָאר.

(וואונדערליכער שפיגעל)

דער שולטן האָט זיך מיט איהר געקושט, פון גרויס שמחה האָט ער געוויינט.

— איך וואָלט דאָס ניט זעהען מיט מיינע אויגען — האָט דער שולטן געזאָגט — וואָלט איך דאָס ניט געגלויבט.

דער שולטן האָט אַרויסגעגעבען אַגרויסען מאַניפעסט, ער האָט געשאָנקען אין לאַנד — אַלע איינוואָהנער בכלל און יודען בפרט — גרויסע מתנות ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסען שולטן ביי אַזאַ גליק וואָס ער האָט געהאַט זיין טאָכטער זאָל דורך נסים געראַטעוועט ווערען פון טויט.

---

### ז.

דער שולטאַן האָט מיר ניט געלאָזט אַוועקפאָהרען פון קאָנ־סטאַנטינאָפּעל. ער האָט געזאָגט. דאָס ער קאָן מיך ניט אָפּלאָ־זען ביז איך וועל איהם מגלה זיין דעם סוד פאַר וואָס איז זיין טאָכטער קראַנק געווען. ער האָט געהערט פון די דאָקטוירים דאָס זי האָט געהאַט אין זיך סם. וויל ער וויסען ווי אַזוי די מעשה האָט געטראָפען; צו האָט זי די סם אַליין מיט איהר גוטען ווילען גענומען, אָדער איינער האָט דאָס איהר געטהון;

איך האָב געשוויגען קיין וואָרט ניט געענטפערט.

ויהי היום. אַמאָל בין איך געזעסען ביי דעם שולטן אין פאַלאַץ, האָב איך געהערט אַ בת קול וואָס זאָגט צו מיר: דער שר וואָס האָט געוואָלט פּערסם'ן דעם שולטן'ס טאָכטער איז אַ שונא ישראל, און דעם כלל זאָלסט דו וויסען, דער מענש וואָס האָט פיינד יודען, האָט ער פיינד אַלע מענשען בכלל, ער וואָלט אַלעמען וועלען אָפּשאַפען פון דער וועלט, נור פאַר אַלעמען האָט

ער מורא. יענע זיינען שטארקער פאר איהם, אָבער יודען זיינען אונטערדריקט, שוואך. קענען אקאָפּ ניט אויפהייבען, ווער עס האָט אהאנד שלאָגט זיי. קאָן ער זיין בייזע הארץ ארויסווייזען נור אויף יודען. אָט זעהסט דו דאך אז ער האָט געקאָנט שטילער-הייט טהון שלעכטעס דעם שולטן'ס טאָכטער, האָט ער איהר איך געטהון, דארום איז א מצוה דו זאָלסט מקיים זיין ובערת הרע, אויסראָטען די שלעכטעס, דו דארפסט נאָר ניט ריידען, נור וויז דעם שולטן דיין שפיגעלע, וועט ער שוין אליין אלס וויסען, און ער וועט טהון ווי ער פערשטעהט.

— וואָס בינסט דו אזוי שטארק פערטראכט — האָט דער שולטן מיר געפרעגט אריי.קומענדיג אין זאאל וואו איך בין געזוע-סען — אפשר טראכסט דו אפלאן ווי מיר צו זאָגען דעם אמת פאר וואָס מיין טאָכטער איז קראנק געוועזען פון די סם המות. זאָג, אויב דו ווייסט, האָב פאר קיינעם קיין מורא ניט, איך וויל דאָס וויסען איך זאָל קאָנען איהר פערהיטען עס זאָל ניט טרעפען נאָך אמאָל אזא אונגליק.

— גיב אקוק אין דעם שפיגעלע — האָב איך געענטפערט— וועסט דו אלץ וויסען אזוי ווי דו פערלאנגסט.

דער שולטן האָט אקוק געגעבען אין שפיגעלע, האָט ער געזעהען ווי איינער פון זיינע גרויסע שרים ליבט זיך אין זיין טאָכ-טער, אָבער זי האָט איהם ענטזאגט פון זיין פערלאנג. האָט ער געגעבען דעם שר המשקים א בייטעל געלד מיט אביסעל סם המות, ער זאָל די סם אריינשיטען אין א בעכער וויין וואָס דעם שולטן'ס טאָכטער וועט טרינקען, וועט זי שטארבען. און ער וועט זעהען איהר מפלה וועט ער האָבען דערפון נחת. אך! — האָט

דער שר געשריען — ווי זיס איז די נקמה, דאס איז אגרויסע נחמה. אַקוויקונג פאַר דער נשמה!.

— אמת! — האט דער שולטן געזאגט — די נקמה איז אַ נחמה. איך וועל אויך האָבען די נחמה. דער מיט וואָס איך וועל אָפּשאַפען אַזאַ בייזען ש'אַנג פון מיין פּאַלאַץ.

אין יענעם טאָג האט דער שולטן פערסם'ת דעם שר מיט דעם שר המשקים. מדה כנגד מדה.

— זאָג מיר — האָט דער שולטן געפרעגט — וואָס פער־לאַנגסט דו פון מיר, אפילו נאָהנט פון אַ האַלבע מלוכה וועל איך דיר געבען.

— גרויסער שולטן! — האָב איך געענטפערט — איך האָב אויף מיין גאַנצען לעבען בּיי קיין מענשען ניט גענומען מתנות. און וועל פון דיר אויך קיין מתנות נעהמען, נור אויב דו ווילסט מיר טהון אַ פערגעניגען, אַ נחת רוח. זאָלסט דו זיין אַגוטער פּאָטער צו אַלע יודען וואָס וואָהנען אין דיין לאַנד, יעדער טובה וואָס דו וועסט טהון מיט זיי, וועט דאָס זיין בּיי מיר גערעכנט אַזוי ווי דו וואָלסט טהון מיט מיר די טובה. יעצט מוז איך פאָהרען אין ירושלם, דאָרטען וואַרטען אויף מיר פיל תלמידים וואָס ווילע לערנען בּיי מיר.

— איך וועל דיר קיין מאָל ניט פערגעסען — האָט דער שולטן געזאָגט — פאָר געזונדערהייט.

די מעשה וואָס איך האָב אייך יעצט ערציילט האָט געטראָפען מיט עטלעכע יאָהר צוריק, עס איז ניט מעגליך דאָס דער שולטן זאָל האָבען אָן מיר פערגעסען. ער ווייסט אַז איך בּין אין ירושלם. יעטצט אַז ער וועט זעהען די יודישע רעפּוטאַציע, און מיר וועט ער ניט זעהען קאָן זיין ער וועט אויף מיר אין כעס

ווערען. נור אויב ער וועט פרעגען וואו איך בין, אין יענער וועט איהם זאָגען דאָס איך בין קראַנק, וועט ער ניט אין כעס זיין אויף מיר.

יעצט מיינע ליבע תלמידים, בעט איך אייך דאָס איהר זאָלט געהען זעהען דעם שולטן וועט איהר מאַכען אויף איהם די בעשטימטע ברכה.

---

# ח.

אין שטאָדט האָט מען געהערט די שיסעריי פון קרעפּאָסט. אַלס צייכען אַז דער שולטן איז געקומען, אויף די גאַססען וואו ער האָט בעדאַרפט פאָהרען איז געוועזען געמאַכט טהויערן געפלאָכטען מיט די טהייערסטע בלומען וואָס וואַקסען אין די בעריהמטע וועלדער, פעלדער און גערטנער. זייער ריח איז געווען שטאַרק און אנגענעהם.

דעם גאַנצען טאָג, וואָס דער שולטן האָט געברויכט קומען, זיינען די געשעפטען געווען געשלאָסען, אַלע תלמידים פון די חדרים און שולען, זיינען געווען פריי. כדי זיי זאָלען קענען אויך זעהען דעם ליכטיגען פנים פון שולטן וואָס ניט אַלע טאָג מאַכט זיך אַזא זאַך.

צווישען די גרויסע מאַסע מענשען זיינען געווען די תלמידים פון רבנו חיים ז' עטר. זיי האָבען זיך צוגעשטופּט ביז די דעפּוטאַציע וואָס האָט געברויכט דערלאַנגען דעם שולטן ברויט און זאַלץ.

פּאָליציי אין דעם שולטן'ס ליב גוואַרדיע זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען גאַססען וואו דער שולטן ברויך דורכגעהען.

(וואונדערליבער שפּינעלע)

דער שולטן האָט געריטען אויף אַ ווייסען פערד, וואָס דאָס בעדייט פאַר אַ צייכען פון חסד און רחמים. פון ביידע זייטען גאַסס האָט איהם דאָס פאָלק בעגריסט מיט אַ פריידענסגעשריי: הורא! הורא!

דער שולטן איז צוגעריטען ביז די יודישע דעפוטאַציע, ער האָט צוגענומען פון זיי ברויט און זאַלץ. און האָט יעדען פון די דעפוטאַציע גוט בעטראַכט. יעדען אַריינגעקוקט אין פנים.

— ביי איך אין ירושלם וואָהנט אַגעוויסער חיים ן׳ עטר— האָט דער שולטן געפרעגט דעם פאָרשטעהער פון די דעפוטאַציע— לעבט ער?

— ער לעבט — האָט דער פאָרשטעהער געענטפערט, נור ער איז שטאַרק קראַנק, ער קאָן פון זיין בעטט ניט אַראָפשטייגען.

— וואו וואָהנט ער? — האָט דער שולטן געפרעגט.

דעם פאָרשטעהער האָט איהם געזאָגט דעם נאָמען פון די גאַסס און הויז.

אַז דער שולטן האָט זיך דעם גאַנצען טאָג אָפגעפערטיגט אַלעס וואָס ער האָט נויטהיג געהאַט, האָט ער זיך אָנגעצויגען ווי אַ בירגער, אויף זיין פנים אַמאַסקע קיינער זאָל איהם ניט ערקאָנען ווער ער איז און איז אַוועקגעגאַנגען צו רבנו חיים ן׳ עטר צו הויז.

---

(וואונדערליכער שפיגעלע)

## ט.

רבנו חיים ז׳ עטר איז דענסטמאָל געלעגען אויף זיין בעטט. געלערנט קבלה, אין שטוב איז ניט געוועזן צו זעהען קיין ליכט און קיין פייער און דאָך איז אין שטוב געוועזן ליכטיג ווי האַלבער טאָג צייט אין תמוז, פון וואַנען די ליכטיגקייט האָט זיך גענומען האָט קיינער ניט געזעהען

דער שולטן ווי ער איז אריינגעקומען אין הויז, האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט צו זעהען ליכטיגקייט. ער האָט כמעט ניט געקאָנט עפענען די אויגען צו זעהען וואָס רבנו חיים טהוט.

אין יענעם אויגען בליק האָט ער געהערט א קול וואָס מאַכט די ברכה „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם״. די שטימע איז געוועזן אַנגענעהם.

— איך ביטע דיר חיים ז׳ עטר — האָט דער שולטן געזאָגט — בעוויז זיך צו מיר. איך וויל דיר זעהען.

די ליכטיגקייט איז געוואָרען אַביסעלע קלענער, האָט דער שולטן געקאָנט זעהען דעם אָרט וואו רבנו חיים ז׳ עטר איז געלעגען.

— פון וואַנען ווייסט דו — האָט דער שולטן געפרעגט — אַז איך בין דער שולטן. ווי אַזוי מאַכסט דו די ברכה וואָס געהערט צום שולטן. פילייכט בין איך ניט דער שולטן איז דאָך דאָס אַ ברכה לבטלה.

— דו גרויסער שולטן זאָלסט וויסען — האָט רבנו חיים ז׳ עטר געענטפערט -- אַז יעדער קיזר האָט אַ שר אין הימל, דער

שר בּעֶגלײַט אִיהם אִין אַלעֶ עֶרטעֶר וואו עֶר געֶהט, ווען אַשלעֶכ־
טעֶר מעֶנש, אַ מורד במלכות, וויל דעֶם מלך טהון שלעֶכטעֶס,
פעֶרשפּרײַט דעֶר מלאך זײַנעֶ פלִיעגלעֶן אִיבּעֶר דעֶם מלך׳ס גאַנצעֶן
קעֶרפּעֶר אַז צו אִיהם זאָל נִיט צוקומעֶן קײנעֶ שלעֶכטעֶס, דעֶם
מלאך האָבּ אִיךְ געֶזעֶהעֶן אַרײַנקומעֶנדִיג מִיט דִיר צו מִיר, דעֶרפון
האָבּ אִיךְ פעֶרשטאַנעֶן אַז דו בִּינסט דעֶר שולטן.

— אַזאַ וויכטיגעֶר מעֶנש ווי דו בִּינסט — האָט דעֶר שולטן
געֶעֶנטפעֶרט — זאָל וואָהנעֶן אִין אַזאַ עֶנגעֶ דירה, דאָס פּאַסט פאַר
מִיר נִיט, זאָג מִיר נור אײן וואָרט אַז דו ווילסט אַנאַנדעֶר וואָהנונג
וועֶל אִיךְ פאַר דִיר בּאַפעֶלעֶן צו בּויעֶן אַ טהײַעֶרן גרויסעֶן פּאַלאַץ,
דו ווֶעסט לעֶבּעֶן ווי דעֶר גרעֶסטעֶר פּאַשאַ, מִיט פִיל דִינעֶר
מִיט אַ גרויסעֶ רײַכטהום, אִיךְ וועֶל דִיר רײַךְ מאַכעֶן ווי ווײַט
מעֶגלִיךְ אִיז.

— גרויסעֶר בּאַרמהעֶרצִיגעֶר שולטן! — האָט רבּנו חיים ז׳
עֶטר געֶעֶנטפעֶרט — דו ווײַסט דאָךְ פון אַמאָל, בּעֵת אִיךְ האָבּ
דײַן טאָכטעֶר געֶראַטעֶוועֶט פון טויט, דעֶמאָלט האָבּ אִיךְ אויךְ
בּײַ דִיר קײנעֶ מתנות געֶנומעֶן, וועֶל אִיךְ הײַנט געֶווִיס נִיט נעֶהמעֶן.
ווײַל אִיךְ בּרויךְ קײנעֶ מתנות, אַלס וואָס אִיךְ האָבּ נויטהִיג גִיט
מִיר גאָטט און וואָס עֶר גִיט נִיט בּרויךְ אִיךְ נִיט און פּעֶרלאַנג
גאָר נִיט.

---

י׳.

אַלאַנגעֶ הִיפּשעֶ צײַט אִיז דאָרטעֶן דעֶר שולטן געֶזעֶסעֶן און
געֶרעֶדט פון פּעֶרשִידעֶנעֶ ענינים.

— אִיךְ דאַרף שוין אַוועֶקגעֶהעֶן — האָט דעֶר שולטן געֶזאָגט —

פערלאַנג **איך פון דיר: דו זאָלסט מיר טהון די טובה און זאָגען** וואָס זאָל איך דיר לאָזען צום אנדענקען?

— איך פערלאַנג פון דיר — **האָט ר׳ חיים ז׳ עטר געענט־**פערט — דו זאָלסט זיך בעמיהען אַקוק געבען אין דעם שפּיגעלע.

ריידענדיג האָט ער איהם דערלאַנגט דעם שפּיגעלע.

דער שולטן האָט אין שפּיגעלע אַקוק געגעבען, ער איז געוואָרען בלאַס פון גרוים כעס. ווי אַ פייער האָט איהם אָנגע־פאַנגען ברענען זיין צאָרן, זיינע הענד האָבען געציטערט ווי פון אַגרויסען פיבער.

— עס גלויבט זיך מיר אַליין ניט וואָס איך זעה מיט מיינע אויגען — האָט ער געשריען — ביי מיר אין פּאַלאַץ זאָל טרעפען אַזעלכע סקאַנדאַלען? שרעקליך! דאָס איז גאָר ניט געהערט געוואָרען.

באמת האָט דער שולטן געזעהען אַ שרעקליכע טרויעריגע זאַך, דער שר וואָס האָט געוואָלט פאַרסם׳ן זיין טאָכטער און דער שולטן האָט זיינע דינער בעפוילען זיי זאָלען איהם פערסם׳ען, איז גערעטעט געוואָרען פון טויט דורך דעם שולטן׳ס געליבטע פרוי וואָס זי האָט דעם שר געליבט מעהר ווי דעם שולטן.. זי האָט געבעטען די דינער דאָס זיי זאָלען אַנאַנדער שר פערסם׳ן און יענעם שר האָט זי פערבאָרגען אין איהר פּאַלאַץ, און זי האָט זיך מיט איהם פיל מאָל בעראַטען ווי צו פּטר׳ן דעם שולטן, איהם אָפּשאַ־פען פון דער וועלט, נור זייערע אַלע פּלענער זיינען די גאַנצע צייט ניט געראָטען, יעצט אַז דער שולטן האָט אויף אַקורצע צייט פערלאָזען זיין רעזידענץ שטאָדט, קומט דער שר צו איהר אין חדר אָהן שרעק, און פערברענגט דאָרטען אַלע טאָג אַלאַנגע צייט, זיי קושען זיך מיט די גרעסטע ליבע.

(וואונדערליכער שפּיגעלע—

— זאָג מיר הייליגער מאַן — האָט דער שולטן געפרעגט — וואָס זאָל איך יעצט טהון ?.

— שטעל אַוועק דעם שפּיגעלע אויף דער ערד — האָט רבנו חיים ז' עטר געענטפערט — נעהם דיין פּיסטאָלעט און שיס אויס אין שפּיגעלע ווען דער שר דאָרטען באַלד געהרגת ווערען.

דער שולטן האָט אַזוי געטהון, דער שפּיגעלע איז געבליבען גאַנץ. נור עס איז פאַרגאָסען געוואָרען מיט פיל בלוט.

— קוק זיך גוט איין נאָך אַמאָל אין שפּיגעלע — האָט רבנו חיים ז' עטר געזאָגט — וועסט דו זעהען אַזעלכע זאַכען וואָס דו דאַרפסט וויסען.

דער שולטן האָט געקוקט אין שפּיגעלע, ער האָט געזעהען ווי זיין פרוי וויינט און קלאָגט אויף דעם טויטען שר, זי האָט איהם חושד געווען אַז ער אַליין האָט זיך געשאָסען מיט זיין פּיסטאָלעט.

— קוק וויטער — האָט רבנו חיים ז' עטר געזאָגט — וועסט דו זעהען דעם סוף.

דער שולטן האָט געקוקט אין שפּיגעלע און געזעהען ווי די דינער האָבען דעם שר גענומען אַריינגעלעגט אין אַזאַק און אַרויסגעטראָגען פון חדר און מיט דעם זאַק אַוועקגעגאַנגען.

— יעצט — האָט דער שולטן געזאָגט — מוסט דו מיר זאָגען וואָס דו פערלאַנגסט פון מיר, איך מוז עטוואָס דיר געבען, איך קאָן פון דאַנען ניט אַוועקגעהן וואו איך זאָל ניט הערען פון דיר אַגרויסע, צום ווענינגסטען אַ קליינע בקשה.

— גוט — האָט רבנו חיים ז' עטר געענטפערט איך פערלאַנג פון דיר אַ קלייניגקייט, איך ווייס אַז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען נעמאַכט אויף די דאָרטיגע יודען עלילת דם, די פּאָליציי

האָבען שוין פיל יודען אַרעסטירט, זיי האָבען געמאַכט אַפּריטיקאָל צו העגגען די אינשולדיגע אַרעסטירטע, זיי וואַרטען נור אויף דיין קומען אַ היים, דו זאָלסט מסכים זיין אויף דעם פסק, בעט איך דיר אַז אָהן מיר זאָלסט דו דעם פּריטאָקאָל ניט אונטערשרייבען. איך וועל קומען צו דיר, וועל איך דיר בעוויזען ריכטיג דעם שולדיגען, האָף איך אַז די אונשולדיגע יודען וועסט דו בעפרייען פון געפענגניס.

— איך וועל דיין ווילען ערפילען — האָט דער שולטן געענטפערט — איך האָב ליב צו וויסען דעם אמת. איך נעהם פון דיר אָבשייד און איך וועל אויף דיר וואַרטען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

---

## יא.

מיט איינינע יאָהר צוריק, עהרער די געשיכטע האָט געטראָפען, איז אַפּרייליך געקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זוכען פּרנסה, זי איז געווען אַ יתומה, ניט געהאַט קיין רייכען קרוב, זי איז געווען עלענד אָרעם, ניט געהאַט קיין שטיטצונג, נור שיין און קלוג-איז זי געווען, די נאַטור האָט איהר בעגאַבט מיט אַלע מעלות וואָס געהערט צו אַ שיינע פרויענצימער.

אַמאָל האָט זי געהאַט די געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט דעם שולטן אַליין, ער האָט געריטען אין גאַס און זי איז צופעליגערווייזע געגאַנגען אויף יענער גאַס, ווי ער האָט איהר דערזעהען איז זי איהם געפעלען געוואָרען, ער האָט זיינע דינער בעפוילען זיי זאָלען איהר ברייננען אין זיין האַרעם.

די דינער האָבען אָהן גרויסע מיה איהר געבראַכט צום שולטן, זי איז מיט זיי געגאַנגען מיט'ן גוטען ווילען. אין יענער

(וואונדערליכער שפינעלט)

צײַט האָט זי זיך געשעטצט פאַר אַ גליקליכע וואָס איהר גלײַכען איז גאָר ניטאָ.

אין פּאַלאַץ האָט איהר אַ בעדינטער געפרעגט וואָס זי פערלאַנגט. האָט זי געענטפערט: עססען!

איהר פערלאַנג איז באַלד ערפילט געוואָרען, זי האָט זיך גוט אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען, האָט זי געמיינט אַז זי איז די גליקליכסטע אויף דער וועלט.

ווי שיין און קלוג זי איז געווען, אַזוי אַשלעכטען און אַפערדאָרבענעם כאַראַקטער האָט זי געהאַט. אַלע מענשען האָט זי געהאַסט, דאָס הויפּט האָט זי פיינד געהאַט די יודען, געזוכט אויף זיי בלבולים. פיל יודען האָט זי אונגליקליך געמאַכט, צום סוף האָט זי געמאַכט אַ בלבול אויף יודען אַז זיי האָבען געהרגעט אַ שר צו נעהמען זיין בלוט אויף פסח. דעם שר האָט זי אַליין געלאָזט הרגנען און זי האָט איהם בעגראָבען טיעף אין קעלער וואו דעם שולטן׳ס ווײַן ליגט דאָרטען. אין יענעם קעלער פלעגט געהען נור דער שר המשקים, אויסער איהם איז קיין מענש אַהין ניט געקומען. איז זי געווען זיכער אַז פון דער רציחה וועט קיין מענש ניט וויססען. נאָכדעם האָט זי אַרעסטירט די גרעסטע לייט פון די יודען וואָס האָבען געוואָהנט אין שטאָדט.

---

## יב.

מיט אַ בעטריבטע האַרץ איז דער שולטן געקומען אַ היים. ער ווייסט שרעקליכע טרויעריגע נייעס, ער מוז שווייגען, ווייל ער האָט פערשטאַנען אַז די פערברעכער וועלען זיך ניט מודה זיין. פאַסט ניט ער זאָל זיי בעשטראָפען אָהן עדות ווי די געזעטץ זאָגט.

די ריכטער האָבען איהם געבראַכט דעם פּראָטאָקאָל ער זאָל אונטערשרייבען צו הענגען די אַרעסטירטע יודען פאַר דעם בלבול וואָס זיי האָבען געהרגת דעם שר צו נעהמען זיין בלוט אויף זייער פסח.

דער שילטן האָט געענטפערט צו ערשט מוז ער אַליין חוקר ודורש זיין אויב דאָס איז אמת. נאָכדעם וועט ער אונטערשרייבען, נור קיינער זאָל ניט אָנמערקען וואָס ער מיינט האָט ער בעפוילען דאָס יעדען טאָג זאָל פאַר איהם געבראַכט ווערען איינער פון די אַרעסטירטע יודען און דער שולטן אַליין האָט ביי איהם חוקר ודורש געווען אַביסעל מיט גוטען און אַמאָל יוצא צו זיין האָט ער גערעדט מיט בייזען.

דער שולטן האָט אַרויסגעזעהען קלאָהר אַז די אַלע אַרעסטיר־טע יודען זיינען אונשולדיג. ניט זייער תורה און ניט זייער כאַראַקטער ערלויבט זיי צו פערגיסען מענשען בלוט. דערצו האָבען זיי אַלע געשוואָרען אַז אויסער וואָס יודען האָבען קיין געהיימען דין צו גע־ברויכען בלוט אויף פסח, האָבען זיי אַנ׳עפענטליכען דין דאָס זיי טאָרען קיין בלוט עססען אפילו פון אַ בהמה. אָדער אַ עוף, אפשיטא דפשיטא אַז מענשען בלוט טאָר מען געוויס ניט עססען.

די אויספאָרשונג האָט געדויערט מעהר ווי אַ מאָנאַט צייט.

---

## יג.

אין דער צייט איז רבנו חיים ז׳ עטר געזונד געוואָרען, ער האָט אָנגעפאַנגען לערנען מיט זיינע תלמידים נגלה און נסתר.

אַמאָל ווי זיי זיינען געזעסען פערטיעפט אין לערנען, האָבען זיי געהערט ווי צום שטוב איז צוגעפאָהרען אַקאַרעטע, און אַפאָר־נעהמער הערר איז אַריינגעקומען צו זיי אין שטוב.

בּינסט דו ר׳ חיים ן׳ עטר? — האָט דער שר געפרעגט.
— דאָס איז ער — האָבען די תלמידים געענטפערט, און געוויזען אויף זייער רבּי׳ן.
— איך בּין צו דיר געקומען מיט דעם בּאַפעל פון שולטן — האָט דער הערר געזאָגט — ער לאַדעט דיך צום בּאַל וואָס ער וועט מאַכען אין אַכטצעהן טעג אַרום. פאַרגעס ניט צו קומען.
— זעהער גוט — האָט רבּי חיים געענטפערט — איך וועל געוויס אי״ה בלי נדר קומען.
דער שר איז אַוועקגעגאַנגען.
מיט אַ טאָג פריהער, עהדער דער בּאַל איז געוועזען, איז רבּי חיים ן׳ עטר געקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער האָט געוואָלט וויסען וואָס טהוט זיך מיט די אַרעסטירטע יודען, ער האָט געפונען די יודען אין רעזידענץ זעהער אין אַטרויעריגע לאַגע, צו די אַרעס־טירטע יודען האָט מען קיינעם ניט צוגעלאָזען, און די פרייע יודען האָבען מורא געהאַט צו געהען אויף דער גאַס, דאָס פּראָסטע פאָלק זיינען געוועזען זעהער אויפגעבראַכט אויף אַלע יודען. להשמיד ולהרוג. האָבען זיי געטראָפען אַ יודען געהענדיג אויף דער גאַס, האָבען זיי איהם געשלאָגען געפייניגט. די יודען זיינען געלעגען בּעהאַלטען אין זייערע הייזער.
אַז די יודען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבען דערהערט דאָס רבּי חיים ן׳ עטר איז געקומען צו זיי, האָבען זיי איהם געבּעטען ער זאָל זיין אַ מליץ יושר פאַר זיי בּיי דעם שולטן.
רבּי חיים האָט זיי געטרייסט, געגעבען גוטע האָפנונג. — אייער אונשולד — האָט ער צו זיי געזאָגט — מוז זיך קלאָהר בּעווייזען. איהר זענט מתפּלל צו גאָטט וואָס מיט איין האַנד שלאָגט ער און מיט די אַנדערע האַנד היילט ער. בּעט בּיי איהם ער זאָל מיר העלפען צו געפינען חן אין די אויגען פון שולטן, וועט אַלץ גוט ווערען.

## יד.

עהרער רבנו חיים ן׳ עטר איז געגאנגען צום שולטן אויף דעם באַאל. האָט ער מתפלל געווען צו גאָטט און האָט אַזוי געזאָגט: גרויסער באַרמהערציגער גאָטט! דער כהן גדול פלעגט יום כפור אין בית המקדש מתפלל זיין צו דיר, בעטען רחמים פאַר אַלע געטצענדינער אַז דו זאָלסט זיי עפּענען די אויגען זיי זאָלען זעהען דעם אמת. אויך ברוריה רבי מאיר׳ס פרוי האָט געבעטען יתמו חטאים ולא חוטאים, ד. ה. די זינד זאָל פערניכטעט ווערען, אָבער ניט די זינדיגע. ווייל זיי זינדיגען ניט אויף להכעיס, נור איינפאַך זיי האָבען אַ טעות. זיי גלויבען אַז זיי טהוען וואָס דיר געפעלט. איך וואָלט געווים אויך אַזוי געבעטען. אָבער, עס איז אַגרויסער אונטערשייד פון יענע זינדיגע ביז היינטיגע פערברעכער. יענע חוטאים האָבען געהאַט אַ טעות. זיי האָבען ניט פערשטאַנען וואָס דו פערלאַנגסט פון אַ מענשען. האָבען זיי געטהון צקוראַר פאַרקעהרט ווי דיין ווילען איז, אָבער היינטיגע חוטאים ווייסען אַז זיי טהוען געגען דיין ווילען. דו ווילסט אַז מענשען זאָלען ריידען אמת. און זיי ריידען שקר וכזב. און נאָך וועלכע שקרים וואָס אונשולדיגע מענשען ווערען דורכדעם אונגליקליך, ווייסען זיי דען ניט אַז יודען דאַרפען קיין בלוט אויף פסח! פאַר וואָס האָבען זיי אַרעסטירט דעם רב מיט אַלע גבירים? איז דען דאָס ניט אַגרויסע רציחה! אויף אַזעלכע מענשען קאָן איך ניט בעטען יתמו חטאים... דאַרום בעט איך דיר, באַשעפער פון דער וועלט, גיב מיר קראַפט צו ווייזען דעם שולטן וועך עס האָט דעם שר געהרגת, דורך דעם וועל איך מקדש השם זיין, אַלע יודען בכלל און די אַרעסטירטע בפרט, וועלען דאַנקען און לויבען דיין הייליגען נאָמען. אין פיל אַנדערע לענדער וועט דער נס געהערט ווערען וועלען די יודישע שונאים פערשעמט ווערען. ניט קענען

נאָך אמאָל מאַכען אַזאַ בלבול. און אַלע פעלקער וועלען זיך איבערצייגען ווי ריכטיג דער פסוק זאָגט „לא ינום ולא יישן שומר ישראל" ! גאָטטוניו ! איך האָף נור אויף דיין ליבען הייליגען פורכט-באַרען נאָמען. און אויף דיינע רייד אין דער הייליגער תורה וואָס דו האָסט אונז יודען צוגעזאָגט ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים וגו'. דאָס הייסט: ווען די יודען וועלען זיין אין פרעמדע לענדער וואו עס געפינען זיך דאָרט אַנטעסימיטים, ווי המן אין זיין צייט (און ליידער אין אונזערע צייטען) וועט גאָט ניט צולאָזען אויספיהרען זייערע בייזע געדאַנקען וואָס זיי ווילען שלעכטעס טהון בכלל ובפרט, זייערע בלבולים וועלען זיך אַלע מאָל אַרויסווייזען ווי פאַלש זיי זיינען און אויף די יודען וועט מקוים ווערען דער פסוק וליהודים ... אורה ושמחה וששון ויקר.

נאָך דער תפלה איז רבנו חיים ן' עטר געוואָרען ביי זיך פרעהליכער, ער האָט געפילט אַז גאָט האָט זיין תפלה צוגעהערט און ער וועט איהם העלפען מקדש השם צו זיין.

---

## טו.

אין גאַנץ קאָנסטאַנטינאָפאָל זעהט מען אַגרויסע בעוועגונג, פיל געסט פון שטאָדט און פרעמדע לויפען צום פאַלאַץ וואו דער שולטן האָט יענעם טאָג געמאַכט אַגרויסען באַל, קאַרעטעס אַפענע און פערמאַכטע אויך דראָנסקעס לויפען פון אַלע גאַסען, אויסגעפוטצטע הערן און דאַמען, רייך געקליידעט זיינען הונדערטע געקומען אין פאַלאַץ גראַטולירען דעם שולטן צו זיין טאָכטערס תנאים מיט דעם אַביסינער קראָנ-פרינץ. אויך רבנו חיים ן' עטר איז געוועזען פון די גאָלדענע געסט. דער שולטן האָט איהם געזעצט ביי זיין רעכטער האַנד.

עטלעכע געסט וואָס זיי זיינען געוועזן גרויסע אַנטיסמיטים האָבען נעזעהען דעם גרויסען כבוד וואָס דער שולטן האָט געגעבען דעם יודען, האָט דאָס זיי פערדראָסען. זיי האָבען נעקריצט מיט די צעהנער, נור רעדען וועגען דעם האָבען זיי מורא געהאַט, זיי האָבען זיך נור שטאַרק געוואונדערט ווי אַזוי קומט אַ יוד צו אַזאַ כבוד.

דער שולטן האָט דאָס באַמערקט. האָט ער געזאָגט צו אַלע געסט: איהר זאָלט וויסען מיינע געטריינע אונטערטהאַנער אַז די גאַנצע יעצטיגע שמחה האָבען מיר צו דאַנקען דעם יודען. ווען ניט ער, וואָלט מיין טאָכטער שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געוועזן. ער האָט זיי ערצעהלט די גאַנצע געשיכטע מיט זיין טאָכטער אַזוי ווי רבנו חיים ן׳ עטר האָט ערצעהלט זיינע תלמידים, ווי די לעזער וויסען שוין.

— מיר קענען ניט פאַרלייגנען — האָט איין שר געענטפערט — אַז ביי יודען זיינען פאַראַן גרויסע וויכטיגע מענשען, אָבער דאָס איז זעהר זעלטען, דאָס רוב יודען זיינען פערברעכער. אַבעוואַז דערציי זעהען מיר יעצט פון די אַרעסטירטע יודען וואָס האָבען געהרגת אַ שר צונעהמען זיין בלוט אויף זייער פסח. אַזאַ רציחה איז גאָר שרעקליך.

— עס איז נאָך ביז יעצט ניט בעוויזען געוואָרען ריכטיג און קלאָהר אַז זיי האָבען איהם געהרגת — האָט רבנו חיים געענטפערט — עס קען זיין אַז קירצליך וועט זיך בעווייזען אַז ניט די יודען האָבען איהם געהרגת. נור גאָר אַנדערע מענשען צו אַנאַנדער ציעל.

— ווען ניט יודען וואָלטען איהם געהרגת — האָט אַצווייטער אַנטיסימיטישער שר געענטפערט — וואָלט מען דעם שר געפונען, און דאָקטוירים וואָלטען ערקלעהרט די סבה פון זיין טויט, די פאָליציי האָט זיך פיל מיהע געגעבען צו זוכען דעם שר. אומזאָנסט איז געוועזן זייער מיה. וויבאַלד יודען זיינען קלוג און וויסען דאָס דאָקטוירים וועלען דעם טויטען ערקענען צו וועלכען צוועק ער איז געהרגת געוואָרען

(וואונדערליכער שפיגעלע)

דאַרום האָבען זיי זיין קערפּער גוט בעהאַלטען אַז עס איז אונמעגליך איהם צוגעפינען.

— ניט יעטצט איז אַצייט פון וכוחים — האָט דער שולטן געזאָגט — אַצונד דאַרפען מיר זיך פרעהליך מאַכען, און דו חיים בינסט ביי מיר אַגיטער גאַסט, איך וויל דו זאָלסט אויך פרעהליך ווערען. מילא עססען אונזערע שפייז זאָגסט דו איז דיר לויט דיין געזעטץ פערבאָטען, אָבער אונזערע וויין מעגסט דו דאָך טרינקען. נעהם דעם בעכער וויין און טרינק צום געזונד פון מיינער טאָכטער.

רבנו חיים האָט גענומען דעם בעכער וויין אין האַנד. ער האָט אַשמעק געגעבען מיט זיין נאָז און האָט ניט געטרונקען. דעם בעכער וויין האָט ער אַוועקגעשטעלט צוריק אויף דעם טיש.

— פאַר וואָס טרינקסט דו ניט? — האָט דער שולטן נעפרעגט.

— אויב דו וועסט אויף מיר ניט ווערען אין כעס—האָט רבנו חיים געענטפערט וועל איך דיר זאָגען דעם אמת פאַר וואָס איך טרינק ניט.

— איך וועל ניט ווערען אין כעס — האָט דער שולטן געענטפערט — איך האָב ליב דעם אמת, דו מעגסט זאָגען.

— די וויין — האָט רבי חיים געענטפערט — שמעקט אין מענשליכע פערפוילטע פליש, אין דיין קעלער וואו די וויין שטעהט, ליגט געוויס אַ גהרגת'ר מענש בעגראָבען, אויב דו ווילסט זיך איבערצייגען אַז איך זאָג אמת, מוסט דו זיך בעמיהען מיט מיר אַראָפּגעהען אין קעלער מיט נאָך אַפּאָאר קרעפטיגע מענשען וועלען זיי גראָבען אַמאַן די טיעף וועסט דו זעהן אַז איך זאָג ריכטיג.

אָהן אַ וואָרט צו ענטפערן איז דער שולטן מיט פיער מענשען אויך רבי חיים אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער, די מענשען האָבען אויפגעגראָבען אַמאַן די טיעף און זיי האָבען דאָרטען געפונען דעם געהרגת'ן שר וואָס צו ליב איהם זיינען פיל יודען אַרעסטירט.

— גיב אַקוק אין מיין שפּיגעלע — האָט רבנו חיים געזאָגט ·
דער שולטן האָט אַקוק געגעבען , האָט ער געזעהען ווי די צוויי שרים וואָס האָבען געהאַט דעם דיספּוט מיט רבי חיים'ן ביי דעם טיש . די צוויי אַנטיסימיטים האָבען דער שר געהרגת און אַראָפּגעטראָגען איהם אין וויין קעלער און טיעף באַגראָבען , נאָכדעם האָבען זיי בעפוילען די פּאָליציי צו אַרעסטירען די אונשולדיגע יודען .
דער שולטן האָט באַפוילען ברענגען די אַרעסטירטע אידען .
זיין בעפעל איז געשעהען .
איך האָב אייך הערפאַר אַהער געבראַכט איהר זאָלט זעהען די מפּלה פון אייערע שונאים — האָט דער שולטן געזאָגט.
רעדענדיג האָט ער אַ וואונק געגעבען זיינע דינער זיי זאָלען די ביידע אַנטיסימיטים אויפהענגען .
דער שולטן האָט געגעבען אַ בעפעל אַז מהיום והלאה זאָל מעהר ניט געהערט ווערען די ווערטער „עלילת דם".
דער נאָמען פון רבנו חיים ז' עטר איז געבליבען לגאון ולתפארת.
די פרומע יודען אין ירושלם זאָגען אַז רבנו חיים האָט נאָכדעם בעהאַלטען דעם שפּיגעלע, דאָס הייסט : נאָך זיין טויט איז שוין געווען שווער צו דערווייזען די אַנטיסימיטים אַז זיי לעבען אין טעות , אַזוי ווי רבי חיים ז' עטר האָט דערוויזען מיט זיין שפּיגעלע .
זיין זכות זאָל אונז בייששטעהן אַז עס זאָל אויפהערן אַלע בלבולים אויף יודען און אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט זאָלען לעבען בשלום ובשלוה . אָמן .

# ענדע

